# טשענסטאָכאָווער צייטונג

אַנאָנסען-פּרייז:
פאר א מילימעטער שורה
פאר ן טעקסט 24 גראָשען נאָכ'ן טעקסט 18 גראָשען.
אין טעקסט 60 גראָשען.
פאר'ן אינהאלט פון די אנאָנסען איז די רעד. ניט פאראנטװארטליך.

ערשיינט יעדען פרייטאג.
רעדאקציע און אדמיניסטראציע
װערשטע אלעע 6. טעלעפאן 201.

אבאָנאמענטס-פּרייז
א נומער 20 גראָשען.
אדרעס פון רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
Częstochowa, Aleja 6. telefon 201.

Piątek, dnia 27 sierpnia 1926 | ליכט צינדען 6 מיט 22 | פרייטאג פ' תבא י"ז אלול תרפ"ו.







## 8-kl. humanistyczne męskie i żeńskie gimnazjum

Towarzystwa Żydowskich Szkół Średnich w Częstochowie.

איינשרייבונגען אין אלע קלאסען ווי אויך אין די צוגרייטונגס-קלאסען A, B און C און צו די איינטריטס - עקזאמענס נעמט אן די קאנצעלאריע פון גימנאזיום אנהויבענדיג פון 15 ד. ח. טעגליך, חוץ שבת, פון 1 ביז 10 פארמיטאג.









## טשענסטאָכאָװער און אומגעגענד פעראיין אין דעטרויט.

געעהרטע חברים און פריינד:
נעמט צו אונזער הערצליכסטען דאנק פאר די צונעשיקטע 100 (הונדערט) דאָלאר אויף דער אדרעס פון ה' רפאל פעדערמאן פאר דער הילפס - אקציע פון די יודישע ארבייטסלאזע ארבייטער. זאלען אייערע הענד געשטארקט װערען!
מיט ברודערליכען און חבר'שן גרוס
עקזעקוטיװו פון ראט פון די פראפ. קלאסן-פעראיינען
(יור. קולטור-אמט).
טשענסטאכאװ, ד. 20|8 1926. אין טשענסטאכאװ.

















משתתף אני בצערו של ידידי העסקן הצבורי, יו"ר שלטון קהלתנו מר שמואל גאָלדשטיין למות עליו
# אחיו ע"ה
בעבודתו לטובת אחיו ימצא נחומים.
נחום אש אבדפ"ק.

טיעף גערירט פון פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד
# דאניעל בעם נ"ע
דריקען מיר אויס טיעף מיטגעפיהלט די אין טרויער פערבליבענע עלטערן.
פאמיליע גאמולינסקי
נייער מארק 6.

Koleżance naszej **Jadzi Wajskopf** z powodu zgonu
# Jej OJCA
wyrażają szczere współczucie.
Koleżanki kl. V-ej Gimn. Żyd.

אנו מביעים בזה את רגשי השתתפותנו בצערו ויגונו העמוק של חברנו הנכבד יושב-ראש ועד הקהלה מ' שמואל גולדשטין על מות א ח י ו היקר והנעלה
# יהודה ליב גולדשטין ז"ל בווארשה.
בעבודתו לטובת הכלל ימצא נחומים
והמקום ינחם אותו בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.
הועד ומועצת הקהלה העברית בצ'נסטוחוב.

Zrozpaczonej rodzinie **Bemów** z powodu śmierci nieodżałowanego ich syna
# b. p. DANIELA
wyrażają najgłębsze współczucie
Samuelowie Epstein.

אנו מביעים את השתתפותנו העמוקה בצערו וביגונו הגדול של נשיאנו מר שמואל גולדשטין לרגלי מות אחיו
# יהודה ליב גולדשטין נ"ע
בעבודתו הצבורית ימצא את נחמתו.
הועד וההנהלה של הגימנסיות העבריות בטשנסטוחובה.

אונזער שכן און פריינד ה' יוסף בעהם און פרוי צו דעם גרויסען פערלוסט פון זייער ליבען יונג-פערשטארבענעם זוהן
# דניאל נ"ע
דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל און מיר נעמען אנטייל אין זייער טרויער.
המקום ינחם אותם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.
ל. לאנדא, י. זילבערשטיין, ז. הערשליקאװיטש, מ. ל. ניימאן.

דעם ה' שמואל גאלדשטיין צוליעב'ן טויט פון זיין ברודער
# יהודה לייב ז"ל
דריקען אויס זייער מיטגעפיהל
כיסיו און ראזענבערג
(צייטת. קריניצא).

מעומק לבנו משתתפים אנחנו בצערם הגדול של משפחת בעהם על מות בנם הנחמד והיחיד
# דניאל נ"ע
המקום ינחם אותם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.
נחמי פישמאן ורעיתו.
חתנו שמואל ישינאװיץ ורעיתו.

Wszystkim tym, którzy brali udział w oddaniu ostatniej posługi nieodżałowanemu synowi i bratu naszemu
# DANIELOWI BEM
a w szczególności p.p. FRANK składają z głębi zbolałego serca serdeczne podziękowanie
Rodzice i siostra.

טיעף גערירט פון'ם גרויסען פערלוסט דורכ'ן טויט פון
# דניאל בטהם נ"ע
װעלכער איז שרעקליכען געשטארבען אין פריהלינג פון זיינע יאהרען, דריקען מיר אויס אונזערע פריינד ה' יוסף בעהם און פאמיליע אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל.
המקום ינחם אותם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.
משה פישמאן, פרוי און פאמיליע.

# מיט נייע כחות.

אונזערע אנווייזונגען אין פאריגען נומער וועגען די אויפגאבען פון דער אלגעמיינער פערוואלטונג פון „בית לחם" האבען געפונען דעם געהעריגען אב-קלאנג אויף דער פערוואלטונג, וועלכע האט אנערקענט זייער ריכטיגקייט.

איצט ווילען מיר בלויז רעדען וועגען דעם וואס די פערוואלטונג האט אויסגעקליבען אין דער פערוואלטונג אייניגע נייע מיטגלידער, וועלכע זענען ביז יעצט געשטאנען ווייט פון דעם דאזיגען אנשטאלט.

עס איז פאר יעדען פערשטענדליך דאס ווען מיר האבען איינגעזעהן, אז עס דארפען אין דער פערוואלטונג פון „בית לחם" אריינקומען נייע שעפע-רישע כוחות, איז דאס נישט דערפאר ווייל מיר האבען צו דער ביז-יעצטיגער פערוואלטונג וועלכע ס'איז פרעטענ-זיעס. ווארום מיר אלע ווייסען אז די הויפט-סבה פארוואס דער „בית לחם" קען נישט ערפילען זיינע אויפגאבען אין גרויסען און געהעריגען מאסשטאב, איז די גלייכגילטיגקייט מיט וועלכער די הייגע יודען בעציהען זיך צו אט דעם נויטיגען און וויכטיגען אנשטאלט, און מיר האבען געגלויבט אז מיט'ן אריינגעמען אין דער פערוואלטונג פרי-שע קרעפטען וואס וועלען נאכגייען מיהר און ערנסט פון דער ארבייט, וואס וועלען נאכגייען ענטוויקלט פון דער גרינגשעצונג פון די הייגע יודען, און זייער בעצוג צו דער שרעקליכער לאגע אין וועלכער עס געפינען זיך זיי-ערע נעדריקטע ברודער און שוועסטער, וועט זיך די לאגע פיעל פערבעסערן, און דער „בית לחם" וועט זיין דאס וואס ער דארף און מוז זיין אין אזא שטאדט ווי טשענסטאכאו.

און מיר זענען זיכער אז אזוי וועט דאס אויך זיין, אז די נייע קרעפטען וועלען ערמוטיגען זייערע חברים פון פריהער, און אלע צוזאמען וועלען אנ-נעמען א ענערגישע טעטיגקייט לטובת דער דאזיגער אינסטיטוציע.

עס נעהענט יעצט צו די ימים טובים ווען די ארבייט ווערט פיעל-פאך פער-מעהרט, ווען דער „בית לחם" זאל אפילו נאר פרובירען א געהויבען מיל פון די וואס ווענדען זיך נאך יום-טוב שפייז.

זאל זיך די נייע פערוואלטונג ווענ-דען צו די הייגע יודען, און זיי דער-מאנען וועגען זייער פליכט, וועגען דעם חוב וואס ליגט אויף זייערע פלייצעס צו זארגען פאר די פאמיליעס פון זיי-ערע ליידענדע ברידער.

זאל מען זיי ערקלערען, אז דער „בית לחם" איז דער איינציגער אנ-שטאלט אויף דעם געביט אין אונזער שטאדט וועלכער מוז עקזיסטירען און רעגעלמעסיג פונקציאנירען.

און מיר זענען זיכער, אז די הייגע יודען וועלען צוהילף קומען דער נייער פערוואלטונג אין איהר שווערער און פעראנטווארטליכער ארבייט.

י. פ.

# פון דער וואך.

— די ווירטשאפטליכע לאגע. וועגען דער ווירטשאפטליכער לאגע אין פוילען אין צוזאמענהאנג מיט'ן ווייניגען געשעפטניס, ווערט איבערגעגעבען פון מאסגעבענדע קרייזען אז דער עקס-פארט פון תבואה וועט זיך מיט לערך 15 פראצ. פערקלענערן, און אזוי מען זאל אננעמען דעם ווערט פון דער פוי-לישער לאנדווירטשאפטליכער פראדו-קציע אויף 5 מיליארד גאלד-זלאטעס, וועלען די 15 פראצ. מיט וועלכע דאס געשעפטניס איז קלענער, בעטרעפען פון 500 ביז 800 מיליאנען גאלד-זלא-טעס. דער פיה-צוכט וועט זיך אפשר הע-יאהר נאך פערגרעסערן און דאס שפילט א זעהר בעדייטענדע ראלע אין עקספארט. אזוי וועט אויך האבען א וויכטיגע בעדייטונג די פערגרעסערונג פון פוטער-עקספארט. בכלל וועט דער הייריגער לאנדווירטשאפטליכער עקס-פארט נישט זיין פיעל קלענער ווי דער פאריאהריגער.

— פאליטישער צוזאמענפאהר אין ווארשא. פון 4 ביז'ן 11 סעפטעמבער וועט אין ווארשא פארקומען א קאנג-רעס פון די פארשטעהער פון אלע קאאליציע-פארטייען וועלכע האבען זיך בעטייליגט אין דער וועלט-מלחמה. דעם פראטעקטאראט איבער'ן קאנגרעס האט איבערגענומען דער פרעמיער בארטעל. אין די בעראטונגען וועלען זיך בעטיי-ליגען דעלעגאטען פון פראנקרייך, בעל-גיען, ענגלאנד, יוגאסלאוויען, איטא-ליען, רומעניען, טשעכאסלאוואקיען און א דעלעגאציע פון אמעריקא. עס וועט בעטראכט ווערען די פראגע וועגען אויפנעמען דייטשלאנד אין דער פעל-קער-ליגע, און אלס מיטגליד אין דער ארגאניזאציע „פידאק".

— פויליש-דייטשער אבמאך. וואלף-אגענטור מעלדעט אז דעם 16 און 17 ד. ח. האט די פויליש-דייטשע געמיש-טע קאמיסיע אבגעהאלטען א בערא-טונג אין אפאלא, וועלכע האט גע-האט דעם צוועק פעסטצושטעלען די גרענעץ-ליניעס ביי דער אדער און ביי דער ווארטא. די בעראטונג האט זיך פערענדיגט מיט'ן פעסטשטעלען די גרענעץ ביי דער אדער און עס איז גע-שלאסען געווארען א אבמאך אונטער-געשריבען דורך ביידע צדדים.

— אעראפלאנען פאר פוילען. די בערלינער פרעסע מעלדעט מיט בעאונ-רוהיגונג אז פון שווייצאריען איז ארויסגעשיקט געווארען א טראנספארט אעראפלאנען פאר פוילען וועלכע זא-לען דינען פאר דער פוילישער ארמעע. די אעראפלאנען זענען אויסגעפערטיגט געווארען אין פראנקרייך.

— דייטשלאנד זאל בעצאהלען די דעוואלווירטע מארקען. נאך מיט א צייט צוריק איז אין דייטשלאנד גע-גרינדעט געווארען א פערבאנד פון די רייכס-באנק גלויביגער וואס האט דעם צוועק אויסצומאנען פון דער דייטשער רייכסבאנק זי זאל בעצאהלען א געווי-סען טייל פאר די באנקנאטען וואס זענען ארויסגעגעבען געווארען ביז'ן 19 פעברואר 1919. דער פערבאנד נעמט ארום מאסען דייטשע בירגער, צווישען זיי פיעל אדוואקאטען, ריכטער און פראפעסארען, און דער פערבאנד ארבייט זעהר ענערגיש. איצט איז אזא געזעלשאפט אויך געגרינדעט געווארען אין פוילען ביי דער געזעלשאפט „האנ-דעלס-באנק" אין ווארשא, אויך אין לאדז זאל זי האבען א אבטיילונג.

— דער גענעראל-אינספעקטאראט. ווי מען אינפארמירט ווערט שוין פער-ענדיגט דאס ארגאניזירען דעם גענע-ראל-אינספעקטאראט איבער דער אר-מעע, פון 12 דיוויזיע-גענעראלען און בריגאדע-גענעראלען אויך עטליכע צעהנדליג שטאב-אפיצירען מיט דעם מארשאל פילסודסקי אלס גענעראל-אינספעקטאר. דער גענעראל-אינספעק-טאראט וועט האבען זיין זיץ-ארט אין דער געביידע פון דער פאדכאראזשע-שול.

— ענדערונגען אין די פאספארטען. לויט א פערארדנונג פון אינערן-מיניס-טעריום וועלען אין די נאהענטסטע טעג פארקומען ענדערונגען אין די טעקסטען פון א גאנצע ריהע פאספארטען.

— פוילישער קויהלען-עקספארט און דער ענגלישער שטרייק. אין די מאס-געבענדע קרייזען ווערט ערנסט בע-האנדעלט די פראגע ווי אזוי צו נוצ-צען די גינסטיגע מיטלען צו קענען אויף ווייטער ענטוויקלען דעם עקספארט פון פוילישע קויהלען קיין אויסלאנד נאכ-דעם ווי דער ענגלישער קויהלען-שטרייק וועט זיך פערענדיגען, ווייל דער עקספארט פון די פוילישע קויה-לען האט ווי בעוואוסט א זעהר וויכ-טיגע בעדייטונג פאר'ן לאנד און פאר'ן וואלוטא-קורס.

# וואס הערט זיך אין דער יודישער וועלט?

— וועגען איבערטראגען די מערק. א גאנצע ריהע יודישע שטעדטלעך אין פוילען האבען זיך געווענדעט צום צענטראלען סוחרים פעראיין אין וואר-שא מיט דער ביטע אז דער פעראיין זאל אינטערווענירען ביי די געהעריגע מאכט-ארגאנען וועגען דעם וואס אין די דאזיגע שטעדט וויל מען איבער-טראגען די מערק פון די פלעצער וואו זיי קומען יעצט פאר אין צענטער פון דער שטאדט, אויף געוויסע פלעצער הינטער דער שטאדט וואו קיין יודען וואוינען נישט, און מיט דעם קען רו-אינירט ווערען די עקזיסטענץ פון כמעט אלע יודישע איינוואוינער אין די שטעדטלעך וועלכע פערנעמען זיך מיט האנדעל און ציהען זייער גאנצע חיונה פון די ירידים.

— אמעריקא פאר ארץ - ישראל. אין ניו-יארק פערשטארקט זיך אלץ מעהר די בעוועגונג צו בעזעצען אין א"י די קרובים פון די אמעריקאנער יודען וועלכע קענען נישט אריינקומען קיין אמעריקא צוליב די עמיגראציע-בעגרענצונגען. די בעוועגונג ווערט גע-שטיצט דורכ'ן „היאס" און ס'איז פאר-געזעהען אז זי וועט האבען א גרויסע ערפאלג.

— 5 טאג ארבייט. די פארשטעהער פון אלע קאנסערוואטיווע ארגאניזא-ציעס אין ניו-יארק האבען זיך געווענ-דעט מיט א אויפרוף צו אלע יודישע ארבייטער-ארגאניזאציעס אז זיי זאלען אונטערנעהמען שריט אדורכצופיהרען א 5-טאגיגע ארבייטס-וואך, כדי אזוי ארום צו מאכען מעגליך די יודישע ארבייטער צו רוהען אום שבת.

— אנפאלען אויף יודען אין רומעניען. אין רומעניען מהוען זיך פסדר חזרער-האלען כוליגאנישע אנפאלען אויף יו-דען. ביי טשערנאוויץ האבען כוליגא-נעס מערדערליך געשלאגען די יודישע פאסאזשירען אויף דער באהן און איי-ניגע ארויסגעווארפען פון וואגאן בעת דער צוג איז געפאהרען אין פולען גאנג, אייניגע זענען שווער פערוואונדעט גע-ווארען. די באהן - בעאמטע האבען די כוליגאנעס נישט געשטערט אין זייער מערדערישער ארבייט.

— פלאן צו פערקלענערן די קוואטע. אויף דער אמעריקאנישער קאנגרעס-סעסיע אין דעצעמבער זאל בעטראכט ווערען א נייער פלאן וועגען פערקלע-נערן די אימיגראציאנס - קוואטע נאך אמעריקא. די דאזיגע בעגרענצונג זאל ארומנעמען אלע לענדער וואס ליפערן עמיגראנטען קיין אמעריקא, און ספע-ציעל וועלען פון דעם ליידען די יודי-שע עמיגראנטען פון פוילען, צוליעב דעם וואס די פוילישע קוואטע זאל פערקלענערט ווערען אויף כמעט 50 פראצענט.

— יודען אין דער סוויטע פון טו-ניסער ביי. אין דער סוויטע פון טוני-סער ביי וועלכער האט לעצטענס בע-זוכט פאריז, געפינט זיך זיין לייב-ארצט א יודישער דאקטאר מיט'ן נא-מען שלום, וועלכער איז זעהר פאפו-לער און בעליבט אין טוניס צוליעב זיין היילען אלע ארימע קראנקע בחנם. דער דאקטאר האט מיט זיך א אפטי-קער אויך א יוד.

# פון דער וועלט.

## א קאנגרעס פון מכשפים.

לעצטענס איז אין ניו-יארק אבגעהאלטען געווארען א קאנפערענץ פון כשוף-מאכער, מאגיקער. פון וועלכער דער בערימטער מכשף הודיני (א יוד) איז געוועזען פרעזעס. עס זענען געקומען אנגעפאהרען מכשפים פון גאנצען לאנד און זיי האבען געוויזען אלערליי קונץ-שטיק, נישט נאר אויף דער קאנפערענץ, נאר אויך אין אנדערע ערטער.

אזוי, למשל, האט איין מאגיקער, מיט'ן נאמען בריני, אין א רעסטאראן בעשטעלט א געבראטען גענדזעל, אבער ווען די קעלנערין האט איהם געבראכט די שפייז, איז אויפ'ן טעלער געלעגען א הערינג. די קעלנערין האט נישט געקענט פערשטעהן, פון וואנען דער הערינג נעמט זיך, ווייל אין יענעם רעסטאראן זענען גאר קיין הערינג נישטא.

זי איז צוריקגעלאפען צו דער קעכין, אבער קומענדיג אהין, איז פון הערינג ווידער געווארען א גענדזעל. זי האט זיך געריבען די אויגען פון פערוואונדערונג און צוריקגעגאנ-גען צום גאסט. זי קומט צו און גיט א קוק — טאנצט אויפ'ן טעלער א לעבעדיגע קורטשא-קעל און פון גענזעל איז קיין סימן נישטא. די קעלנערין האט זיך דאס מאל אמת'דיג דערשראקען און ארויסגעלאזט א קוויטש. נאר דא האט בריני זי בערוהיגט, ערקלערענדיג איהר ווער ער איז.

אן'אנדער מכשף, סלאון האט אין האטעל זיך אוועקגעשטעלט ביי דער סטענאגראפיסטין, וועלכע האט זיך געלאזט דיקטירען פון א גאסט, אבער וויפיל זי האט נישט געשריבען איז גאר נישט ארויס אויפ'ן פאפיר, דער בליי-פעדער איז געלאפען איבער'ן פאפיר און דאס פאפיר איז געבליבען ווייס, כאטש דער בליי-פעדער איז געוועזען אנגעשארפט. סלאון האט רחמנות געקריגען אויפ'ן מיידעל און איהר ערקלערט, אז דאס איז זיין כשוף, דער בליי-פעדער האט דאן גענומען שרייבען, ווי אלע מאל.

## ווי אזוי די אינדישע מאהא-ראדזשעס מאהנען איין שטייערן.

די אינדישע מאהאראדזשא'ס האבען זיך א זעהר אינטערעסאנטע מעטאדע איינצו-מאהנען שטייערן ביי זייערע אונטערטאנען. זיי לאזען די הינטערשטעליגע שטייערן-צאהלער שטעהן שעה'ן לאנג אויף דער זון מיט א בלויזען קאפ. ווען מען זאל זיך דערמאנען, אז אין אינדיען ווערט זומער אויף דער זון א היץ פון 55 גראד, קאן מען זיך לייכט פארשטעלען, מיט וועלכע יסורים אזא בע-שטראפונג איז פערבונדען. איז מילא קיין וואונדער נישט, וואס אלע שטייערן ווערען איינגעצאהלט פונקטליך אין דער קאסע פון די מאהאראדזשא'ס און יענע קענען מאכען א רייזע קיין אייראפא מיט א לוקסוס, וואס דער רייכסטער איראפעאישער קייזער אדער קעניג האט זיך עס קיינמאל נישט געקענט ערלויבען.

## א סטאדע ווידערס אויף דער ווילע.

פון ווילנא ווערט געמעלדעט: א נישט געוועהנליכע בילד איז געווען צו זעהען אויפ'ן ווילע.

אויפ'ן טייך ביי דער אנטאקאלער תפיסה אין מיט'ן שטאדט האט זיך פלוצלינג בעוויזען מיט'ן שטראם שווימענדע ווידערס.

לויט ווי ס'האבען ערקלערט פאכלייט און זאכקענער, זענען ווידערס אין פוילען א זעל-טענע ערשיינונג. דער פוטער פון די ווידערס איז זעהר א טייערער ארטיקעל.

דאס בעווייזען זיך אין מיטען שטאדט פון א סטאדע ווידערס, האט ארויסגערופען אין שטאדט א סענסאציע.



## בעקאנטמאכונג.

די גבאים און די פערוואלטונג פון דער שטאדט-שוהל מאכען בעקאנט, אז אזוי די וואס האבען אייגענע מענער אדער פרוי-ען-שטעדט ווי אויך די וואס ווילען דינגען שטעדט מוזען זיך אומ-בעדינגט ווענדען נאך בילעטען און צוצאהלען צו אייגענע שטעדט, שפעטסטענס אין משך פון דער קומענדער וואך. אין געגענטייל וועלען זייערע פלעצער פער-דינגען ווערען צו אנדערע.

עס ווערט אויפמערקזאם געמאכט אז אהן וויסען פון די גבאים זאל קיינער ביים צחמען נישט דינגען קיין פלאץ. ביים איינגאנג וועט שטרענג קאנטראלירט ווערען, און אהן בילעטען וועט נישט אריינגעלאזט ווערען.

בילעטען ווערען פערקויפט יעדען טאג אין דער שוהל פון 4 ביז 7 אבענד.

## מעשיות און לעגענדעס וואס זע-נען פערשפרייט אין ארץ-ישראל.

— IV. —

### מען הארגעט שטיינער אויף דער מצבה.

די יודען פון ירושלים פיתרען זיך ביז'ן היינטיגען טאג, אז ווער עס נעהט פערביי דעם קבר פון ר' קלונימוס בעל-הנס, ווארפט א שטיין אויף זיין מצבה, און דער דאזיגער מנהג איז פערבונדען מיט פאלגענדע לעגענדארע געשיכטע:

מיט פיעל יאהר'ען צוריק, ווי מיר האבען שוין געשילדערט אין די פריה-ריגע מעשיות, האבען די אראבער שטענדיג געזוכט תואנות אויף די יו-דען, און אויסגעטראכט אויף זיי די שענדליכסטע בלבולים, און דער עיקר האבען זיי אויסגעטראכט עלילות-דם, אז די יודען הרג'ענען קריסטליכע קינ-דער און פערנוצען זייער בלוט צו רע-ליגיעזע צוועקען.

די קריסטען אבער די אראבער פלעגען הרג'ענען קריסטליכע אדער אראבישע קינדער און די טויטע קער-פער אריינווארפען אויף א יודיש ארט און דערנאך זאגען אז די יודען האבען דאס קינד געהרג'עט.

אזא מעשה האט זיך געטראפען דעמאלט:

איינמאל פרייטאג-צו-נאכט'ס האבען די קריסטען אונטערגעווארפען א גע-שחט'ן קריסטליך מיידעל, אין חויף פון דער גרויסער ירושלים'ער שוהל, וועלכע מען רופט „בית הכנסת תלמוד תורה", כדי דערמיט צו מאכען א בלבול אויף יודען.

די יודען האבען זעלבסטפערשטענ-דליך נישט געהאט קיין אהנונג וועגען דער גרויסער צרה וואס דראהט זיי, נאר ווען דער שוהל-שמש איז פארטאג שבת געגאנגען עפענען די שוהל, האט ער געזעהען ווי פאר'ן טויער שטעהען עטליכע גלחים, און ווארטען ביז ער וועט עפענען דאס טויער.

דער שמש איז אבער ווייטער נישט געגאנגען נאר ער איז אוועק צום רב און האט איהם דערציילט דעם געשעהענעם, און דער רב האט איהם געהייסען געהן עפענען די שוהל, און ער איז באלד אויך אהין געגאנגען.

ווען דער רב רבי קלונימוס איז אהין געקומען צו דער שוהל זענען שוין די גלחים געשטאנען נעבען דעם גע'שחט'ענעם קריסטליכען קינד, און זיי האבען אנגעהויבען דעם רב שרעק-ליך צו זידלען, און געזאגט אז די יו-דען וועלען פאר דעם פערגאסענעם קריסטליכען בלוט טייער בעצאהלען.

די טרויעריגע ידיעה האט זיך באלד פערשפרייט איבער גאנץ ירושלים, און די קריסטען און מאהאמעדאנער האבען זיך אנגעהויבען ציהען אין די טויזענ-דער צו דער שוהל, באלד האט זיך געבילדעט א גרויסע פראצעסיע וואס איז געגאנגען איבער די גאסען מיט אייניגע גלחים אין דער שפיץ, וועלכע האבען גערופען די פערזאמעלטע מא-סע זיך נוקם צו זיין אין די יודען, און אלע אויסצוהרג'ענען.

די יודען אין ירושלים האבען שרעק-ליך געציטערט הערענדיג וואס דא קומט פאר, אלע האבען געפראווערט און געיאמערט נישט וויסענדיג וואס צו טהון, מען האט איינגעזעהען אז ס'איז נישטא קיין שום עצה, אויסער ווען עס זאל געשעהען עפעס א נס אז דער אמת'ער מערדער זאל ענטדעקט ווערען.

דערווייל איז דער המון פאר דער שוהל געווארען וואס א מאל גרעסער און גרעסער, און עס האט געקאכט און געברויזט, נאר צו מאכען חלילה א סוף פון אלע יודען.

דער רב ר' קלונימוס איז געשטא-נען צווישען המון וועלכער האט איהם נישט געלאזט אפילו זיך מישב זיין און קלערען א עצה וואס צו טהון, דער המון איז געווען גרייט איהם צו-צורייסען אויף שטיקער, ער האט גע-זעהען דאס גרויסע געפאהר וואס בע-דראהט אלע יודען פון ירושלים. און פלוצים האט ער זיך בעשלאסען עפעס צו טהון, און מיט ענערגישע טריט איז ער צוגעגאנגען צום הויפט-גלח וואס איז געשטאנען אין דער זייט, און צו איהם געזאגט:

מיר, יודען, האבען זיך פערשולדיגט פאר אונזער גאט, און דעריבער זענען מיר ביי אייך אין גלות. און איהר קאנט מיט אונז טהון וואס איהר ווילט, אויך יעצט האבען מיר נישט קיין עצה ווי אזוי צו בעווייזען אונזער אונשולד, און איהר וועט זיך אין אונז נוקם זיין, אבער איך פערלאנג פריהער פון אייך איין זאך און איך בעט איהר זאלט אונז דאס צוליב טהון, איך בעט אז מען זאל דא אהער ברענגען דאס גע-שחט'ענע קינד, אפשר וועט מען קענען דערגעהן ווער ס'איז געווען איהר מער-דער.

דער הויפט-גלח האט געמוזט דעם רב'ס פערלאנג ערפילען. מען האט באלד דאס טויטע קינד געבראכט, און דער רב האט נישט קוקענדיג וואס ס'איז געווען שבת, אנגעשריבען עט-ליכע געהיימניספולע ווערטער אויף א ביסעל פאפיר און דאס ארויפגעלעגט אויפ'ן שטערן פון דער גע'שחט'ענער מיידעל.

דער גאנצער פערזאמעלטער המון מיט די גלחים זענען געווארען זעהר נייגעריג וואס דא וועט פארקומען, אבער פלוצים איז געשעהען א וואונדער:

דאס טויטע קינד האט געעפענט דאס מויל און געזאגט:

„דער קריסט וואס הייסט אזוי, און וואוינט אויף דעם ארט, האט מיך גע-הרג'ט אויף א געוויסען ארט, און האט ביי מיר אוועקגערויבט מיין צירונג, וועלכעס ער האט בעהאלטען ביי זיך אין קעלער, און דערנאך האט ער מיך דא אהערגעבראכט. געהט גלייך צו איהם און זוכט אין קעלער וועט איהר געפינען מיין צירונג וואס בעשטעהט פון דעם און דעם".

אלע פערזאמעלטע זענען ערשטוינט געווארען זעהענדיג דאס דאזיגע נס, און הערענדיג מיט זייערע אויערען ווי די טויטע רעדט. דער הויפט-גלח האט זיך אבער נישט פערלוירען. ער האט דאס טויטע מיידעל געפרעגט איינצעל-הייטען און זי האט איהם אויף אלעס געענטפערט און דייטליך געענטפערט.

באלד האט ער אוועקגעשיקט צוויי פון זיינע טרייע מענשען צום ארט וואו דער קריסט וואוינט און געהייסען זו-כען ביי איהם אין קעלער, דער המון האט געווארט אין דער גרעסטער שפאנ-נונג, און באלד זענען די שלוחים צו-ריק געקומען און געבראכט דאס צירונג וואס זיי האבען געפונען אין קע-לער פונקט, אזוי ווי די טויטע האט געזאגט, און אלע פערזאמעלטע האבען דאס דייטליך געזעהען.

אלע האבען געשטוינט פון דעם גרויסען נס וואס איז פאר זייערע אוי-גען געשעהען, און מען האט איינגע-זעהען אפען, אז די יודען זענען דא אונשולדיג נאר מען האט אויף זיי א בלבול געמאכט. דער הויפט-גלח איז אריין אין שוהל, און זיך ארויפגע-שטעלט אויף דער בימה, פון וואנען ער האט געבעטען דעם רב און אלע יודען אז זיי זאלען איהם מוחל זיין פאר דעם פעהלער וואס ער איז געגאנגען זיי בעשולדיגען, ווייל ער האט זיך איי-בערצייגט אז זיי זענען באמת אונשול-דיג.

די יודען האבען געמאכט א פרעה-ליכען און לוסטיגען שבת, און געלויבט גאט פאר דעם גרויסען נס וואס ער האט מיט זיי געטהון און זיי מציל גע-ווען פון א זיכערען טויט.

און דער גרויסער צדיק ר' קלונימוס האט איבערגעלאזט א צוואה, אז יעדער וואס וועט פערבייגעהן זיין קבר, זאל ווארפען א שטיין אויף זיין מצבה, כדי דער דאזיגער בזיון זאל זיין א אבקו-מעניש און עס זאל דערמיט פערגעבען ווערען די זינד, וואס ער איז בעגאנ-גען מיט'ן שרייבען אין שבת אום צו ראטעווען דאס לעבען פון א גאנצע עדה יודען.

פון דעם איז איהם געבליבען דער נאמען ר' קלונימוס בעל-הנס און זיין צוואה ווערט דורך די ירושלים'ער יו-דען ביז'ן היינטיגען טאג אבגעהיטען.

ש. גלות.

# וואסערע וואסער וועלען מיר האבען?

אין צוזאמענהאנג מיט די ארורכ־נעפיהרטע קאנאליזאציאנס־און וואסער לײטונג־ארבײט איז זעהר וויכטיג די פראגע וועגען פערזעהען די שטאדט מיט וואסער.

די פראגע איז בעזונדערס וויכטיג צוליעב דער מורא וואס וואט זיך פער־שפ״רט, אז עס וועט נישט מעגליך זײן צו בעפרידיגען די שטאדט מיט גענוג גוט וואסער.

אין צוזאמענהאנג דאמיט האט איג־זשיניער וויעליכאווסקי געהאלטען וועגען דער פ־אגע א רעפעראט אין זאל פון שטאדט - ראט, וועלכער האט צו־געצויגען א גרויס פובליקום.

דער רעפערענט שטעלט זיך אב אויף דעם פערזעהען די שטאדט מיט גוט וואסער וואס איז שוין פון די אור־אלטע צײטען געווען זעהר א וויכטיגע פ־אגע.

אנהויבענדיג צו רעדען וועגען די סארטען פון וואסער חײזט ער אן: גוט וואסער מוז זײן רײן, דורכזיכטיג, אהן שום כעמישע צומישונגען, די טעמפע־ראטור פון וואסער דארף זײן ביז 10 גראד ווארים, די הארטקײט ביז 15 גראד. דאס וואסער דארף דעריבער איבערגעבען ווערען צו פיזישע, כע־מישע און באקטעריאלאגישע פרובי־נגען.

צוליעב דעם אלעמען איז דאס אויפ־געפונען ענטשפרעכענד און גוט וואסער פערבינדען מיט זעהר גרויסע שוועריגקײטען. דאס וואסער פון ניד־דריגע וואסערן ענטשפ־עכט נישט די אנגעהויבענע פארבעדינגונג[...]ן, איז נישט רײן, און דארף ארורכגעהן דורך פיל־טערס אא״וו, וואס עס וועט געקאסט זעהר מײער.

רעריבער דארף אויסגעפונען ווערען וואסער פון דער קוואל, און אין דער ריכטונג זענען נעמאכט געווארען א גאנצע רײהע אנשטרענגונגען אין מי־ראוו און אין וויערזבאווסק.

דאס מעגליכע וואסער־פערברויך פון משענסטאכאוו איז אויסגערעכענט גע־ווארען פון 12 ביז 15 מיליאן ליטער.

די אויסגעפארשטע קוועלען אין מי־ראוו קאנען צושטעלען מעגליך 10 מיליאן ליטער און אין וויערזבאווסק 7 מיליאן ליטער. רעבײ איז אבער פאר־צוזעהען פון דער אײנגעשאפט פון די ראזנע קוועלען, ראס עס איז מעגליך אז בײם גרעסערן אבלויף פון וואסער, קען ראדט דאס וואסער אײנאנצען אויפהערען. בעזונדער זענען דאבײ פערהאן מעכנישע שוועריגקײטען, מען וועט געמוזט ציהען וואסער - רעהרען פון מירעז אויף א שטח פון 6 קילא־מעטער און פון וויערזבאווסק אויף א שטח פון 7 קילאמעטער.

עס זענען נאך פערהאן אויסזיכטען צו בעקומען וואסער פון קוועלן וואו עס וועלען אויסגעגראבען ווערען אײני־גע צעהנדלינג ברונעם. אבער די וויכטיגסטע אויפמערקזאמקײט איז גע־ווענדעט צו די ארטעזישע ברונע אין זאטשיש, פון וואו עס איז צו ערווארטען עפעס אין דער הינזיכט.

ביז איצט זענען אויסגעגראבען גע־ווארען 387 מעטער טיעף און וואסער בעקומט מען דאפון סך־הכל 750 ליטער און בײם שנעלען פלומפען 800 ליטער א שעה, ד״ה מעגליך אנדערטהאלבען מיליאן ליטער.

דער רעפערענט גיט צו, אז מען דאיף זיך דערפאר נישט דערשרעקען, ווארום אין לובלין און אין פיעטרי־קאוו, האט מען נאכ׳ן אויסגראבען 500 און 700 מעטער טיף נאך נישט געטראפען קײן וואסער.

די ארבײט ווערט גאנץ שנעל פארמ־געזעצט, אזוי אז אין צוויי וואכען ארום וועלען שוין זײן 500 מעטער טיף און דאן איז צו האפען אויף גרעסערע וואסער קוואלען.

אויב עס וועלען זײן גינסטיגע רעז־זולטאטען, וועלען אין דעם זעלבען געגענד באלד געבויט ווערען נאך צוױי עהנליכע ארטעזישע ברונעם.

דאן האט ער אנגעוויזען אז דאס בויען ארטעזישע ברונעם קאסט אמבי־ליגסטען און איז פיעל בעסער, ער האט אויך איבערגעבען די סיסטעם, וועלכע זענען ביז איצט אויף די ברו־נעם אויסגעגעבען געווארען.

צום סוף האט ער געגעבען ערקלע־רונגען וועגען דעם רעזערוואר בײ דער יאסנא־גורא, און האט אויך געוויזען די פערזאמעלטע וואסערע וואסער־מעס־טער עס וועלען מיזען ווערען אײנגעפאר־דערט אין יעדען הויז. אזא וואסער מעסטער וועט קאסטען 50 זלאטעס.

עס איז אויך פערהאן א פראיעקט אז דאס פערבינדען די בעזונדערע הײ־זער מיט דער אלגעמײנער קאנאלי־זאציע און וואסערלײטונג זאל אויך ארורכגעפיהרט ווערען פון די געלדער פון דער אמעריקאנער הלואה, און שפעטער זאל דאבײ פארקומען א פער־שטענדיגונג צווישען די הויז אײגענטי־מער און דעם מאגיסטראט.

בעת׳ן רעפעראט זענען אויך געווי־זען געווארען פערשידענע ליכט ביל־דער וואס האבען די פערזאמעלטע בע־קאנט געמאכט מיט׳ן גאנג פון דער ארבײט.

# די אלגעמײנע פערזאמלונג פון „בית לחם“.

זונטאג איז אין זאל פון ספארט און טורן־פעראײן פארגעקומען די אלגע־מײנע פערזאמלונג פון „בית לחם“.

די פערזאמלונג הויבט זיך אן מיט א בערײטענדע פערשפעטיגונג, און אלס פארזיצענדער ווערט אויסגעוועהלט ה׳ מ. סודאוויטש, וועלכער לײענט אײן אלס בײזיצענדע די ה״ה: ג. נײ־מאן, ב. פאמאשעוויטש, ס. ברוזינסקי און ב. בערקאוויטש. אלס סעקרעטאר ה׳ י. סטאפאנאוויטש.

עס ווערט אויסגעהערט א בעריכט וועלכען עס גיט אב ה׳ ניעמיראווסקי. דאן לײנט ה׳ סטאפאנאוויטש פאר דעם בילאנס, ווארום וועלכען עס ענטוויקעלט זיך א דיסקוסיע.

ה׳ ראזענצווײג זאגט אז מען דארף די רײבונגען צווישען פרעזידיום בע־זײטיגען און פיהרען א פרײדליכע צו־זאמענארבײט.

ה׳ י. קאנגרעצקי האלט, אז צו דער הײנטיגער פערזאמלונג איז געקומען א קלײנע צאהל מיטגלידער, וואס עס חײזט אז די הײנע בעפעלקערונג בע־ציהט זיך גלײכגילטיג צו דער דאזי־גער אינסטיטוציע, דעריבער דארף מען שטעלען די פראגע פון איהר ווײטע־רען עקזיסטענץ.

ה׳ יורקעוויטש וואונדערט זיך פאר־וואס די נמינע בעציהט זיך אזוי גלײכ־גילטיג צו דער דאזיגער געזעלשאפט, אויב עס איז אזוי, דארף מען פעסט־שטעלען דן סבה דאפון. אויך דארף מען פון דער געזעלשאפט בעזײטיגען די שולדיגע עלעמענטען, וואס שטערען די ארבײט.

ה׳ ש. קלין האלט אז עס זענען נישטא קײן שטערער, קײן פארטײ קאמ־פען. אין דער ארבײט פון דער געזעל־שאפט, וועלכע האט געניג ניט גע־פיהרט, עס איז נאר פערהאן א מאנ־געל אין מיטלען צו דער הײטערדיגער ארבײט, מיט א צײט צוריק האבען אײניגע פערוואלטונג׳ס - מיטגלידער אויסגעשטעלט וועקסלען און אזוי ארום געשאפען געלד, איצט איז דאס זעהר שווער, ער מײנט דעריבער אז עס איז געקומען ראס די געזעלשאפט „בית לחם“ זאל ווערען פעראײניגט מיט דעם רעטונג׳ס־קאמיטעט בײ דער גמי־נע און די הילפ׳ס ארבײט, זאל גלײכ־



## Jaś i Halka.

### 1. Osoby i zamiary.

Oto Jaś i Halka!
Nasza parka miła
Będzie Was i siebie
Przyjemnie bawiła.
A zdradzając zamiar
Często tu wystąpić,
Uprasza publiczność
Oklasku nie skąpić.

צײטיג געפיהרט ווערען אין צוויי ריכ־טונגען שטיצע בכבוד׳ע און הלוואות די וואס נויטיגען זיך דארין.

ה׳ שטרויפענבערג מײנט אז עס איז פיעל אויפגעטאהן געווארען, און אז די הײנע בעפעלקערונג בעציהט זיך סימפאטיש צו דער ארבײט בעחײזט דער פאקט אז עס זענען אין משך פון יאהר געזאמעלט געווארען איבער זעקס־צען טויזענד זלאטעס.

ה׳ א קאנגרעצקי שטעלט פעסט, אז די רײבונגען האבען זיך געשאדעט דער געזעלשאפט און מען דארף איצט דאס צו נישט צולאזען.

ה׳ ש. ווינדמאן זאגט זיך ארויס אז מען זאל אין דער קינפטיגער פערוואל־טונג וועהלען אנדערע און מעהר מיט־מינע מענשען.

עס רעדען נאך די ה״ה! קעלצינ־לאווסקי, קאפלאוויטש, קאלין, גרינקא.א. ה׳ ג. נײמאן זאגט אז אויב אײן פער־זאן איז שולדיג אין דעם וואס די גמינע בעציהט זיך נעגאטיו צו דער אינסטיטוציע, דארף דער פערזאן לטובת דער געזעלשאפט אפטרעטען.

ה׳ קאפלאוויטש חײזט אן אז אין פערשידענע פעלען איז די ארבײט דורך דער פערוואלטונג פערנאכלעסיגט געווארען, מען האט געקענט וואלען בײ געהעריגע אנשטרענגונג פיעל גרע־סערע סומעס דעריבער דארף מען צוציהען נײע כוחות צו דער ארבײט.

עס רעדען נאך אײניגע פערזאן און דאמיט ווערען די דיסקוסיע געשלא־סען.

עס ווערט דאן פארגעלײגט און אנ־גענומען דער בודושעט אין דער גרויס פון 30 טויזענד זלאטעס.

און עס ווערט אויסגעוועהלט א וועהל קאמיסיע, וועלכע דארף אויפארבײטען א קאנדידאטען ליסטע צו דער קינפ־טיגער פערוואלטונג.

אין דער קאמיסיע זענען געוועהלט געווארען:

ג. נײמאן, ד. פילופאוויטש, מ. סו־ראוויטש, ש. קלין און קאפלאוויטש.

נאך א קורצע הפסקה בעת וועלכער דער עולם ראהעט מוחה, לעגט די קאמיסיע פאר דער פערזאמלונג די ליסטע פון די פערוואלטונג׳ס מיטגלי־דער, וועלכע ווערט אײנשטימיג אנגע־נומען.

אין דער נײער פערוואלטונג זענען גלײך געוועהלט געווארען די ה״ה

ש. אלטמאן, ב. באשטאן, ל. בוים, ס. ברוזינסקי, ב. בערקאוויטש, ש. ווינדמאן, א. ווייץ, ב. ושעריקער, ח. ושימאניצקי, ח. חוואס, ד. טאביאש, ל. יאקובאוויטש, ש. ניעמיראווסקי, א. ל. סויקא, מ. סודאוויטש, מ. עפשטײן, א. עפשטײן, איז. פרוינד, ש. פערלענער, ב. פאטאשעוויטש, ח. פישמאן, מ. פע־פערבערג, י. מ. קרעל, א. קאנגרעצקי, ש. קלין, כ. קעלצינגלאווסקי, מ. קא־וועק, ש. קאלין, י. קאנרעצקי, ח. קאל־קא, י. קאפלאוויטש, ק. רײבער, א. שוטעלער, פ. שפירא, י. שטובעל און מ. שעפעל.

רעוויזיאנס קאמיסיע: ד. ווייץ, ש. ראזענצווײג און ג. נײמאן.

עס זענען נאך אנגענומען געווארען פאלגענדע פארשלאגען:

דער „בית לחם“ זאל זײן אפיציעל א זעלבסטשטענדיגע געזעלשאפט אנ־שליסענדיג זיך אין דער ווארשאווער צענטראלע.

זיך צו ווענדען וועגען שטיצע צום „דזשאוינט“.

צו ווערבירען וואס מעהר מיטגלידער צווי אז מען זאל נישט דארפען וואנ־לען קײן נדבות נאר דער מיטגליד׳ס בײטראג זאל דעקען די נויטיגע אויס־גאבען.

נאכ׳ן ערלעדיגען אײניגע פראגען איז די פערזאמלונג געשלאסען גע־ווארען.

מאנטאג אווענד איז פארגעקומען די ערשטע קאנסטיטואירענדע פער־זאמלונג פון דער נײער פערוואלטונג מיט׳ן צוועק אויסצוועהלען א פרעזיד־יום, און אין רעזולטאט זענען אויסגע־וועהלט געווארען אין פרעזידיום: פרע־זעס: איזידאר פרוינד, ווי׳צע: י. מ. קרעל און מ. עפשטײן, קאסירער: ב. באשטאן.

# ווײטערט 1500 דאלאר פון „דזשאוינט“ פאר׳ן רעטונגס־קאמיטעט.

א דאנק די אונערמידליכע בעמי־הונגען פון קהלה־פרעזעס ה׳ גאלד־שטײן, איז איהם געלונגען צו בעקו־מען פון „דזשאוינט“ ווײטערע 1500 דאלאר פאר׳ן הלואה־פאנד בײם היגען רעטונגס קאמיטעט.

אויסנוצענדיג דאס וואס דער פער־שטעהער פון „דזשאוינט“ ה׳ בערנארד קאהן ווײלט אין פוילען, איז ה׳ גאלד־שטײן אײניגע מאל ספעציעל צו איהם געפאהרען קײן ווארשא, און נאך גרוי־סע בעמיהונגען און אנשטרענגונגען האט ער בעקומען אויף דער האנד אויסגעצאהלט די 1500 דאלאר, וועל־כע וועלען דורכ׳ן רעטונגס קאמיטעט ווײטער פערטײלט ווערען אלס הלואות פאר גערדריקטע סוחרים און בעלי־מלאכות.

עס מוז בעמערקט ווערען, אז דן ראזינגע סומעס ווערען ארויסגעגעבען נאר אלס הלואות אויף א טערמין, פון 10 חדשים און מוזען אבגעצאהלט ווערען אין קלײנע חודש׳דיגע ראטעס, און נאכ׳ן אבצאהלען וועט דער זעל־בער ווירער בעקומען ארויסגעבארגט די סומע אויב ער וועט זיך דארין בע־נעהטיגען.

דאבײ קומט ווידער צו די בעקאנטע בעמערקונג, אז דער „דזשאוינט“ גיט די סומעס נאר מיט׳ן בעדינג, אז די הײגע בעפעלקערונג זאל אויך געבען אזא זעלבע סומע, און ער האט אויס־דריקליך פערלאנגט אז מען זאל זײן געלד נישט פערטײלען ביז די שטאדט וועט אהערשטעלען אזא סומע, און דער קאמיטעט וועט זיך נעהמען מוזען צו דעם צונויפנעמען.

# דער „דזשאוינט“ גיט 1000 דאלאר פאר׳ן יודישען שפיטאל.

בעת׳ן אינטערהעגירען מיט׳ן פער־שטעהער פון „דזשאוינט“ ה׳ בערנארד קאהן וואס ווײלט אין ווארשא, האט דער פרעזעס פון דער יודישער קהלה ה׳ גאלדשטײן, וועלכער איז אויך לײ־טער פון הײגען יודישען שפיטאל, אויס־געפועלט צו בעקומען פון איהם דן סומע פון טויזענד דאלאר פאר׳ן יודי־שען שפיטאל, וועלכע וועלען אין די נאהענטסטע טעג אהערגעשיקט ווערען.

די סומע וועט, לויט ווי ה׳ גאלד־שטײן ערקלערט אונז, בענוצט ווערען ספעציעל אויף אינהעסטיציע צוועקען, צו רעמאנטירען און אויספוצושען די שפיטאל־געבײדע וועלכע בענעהטיגען זיך זעהר אין א רעמאנט.

## וויפיל דארף מען צאהלען א דאקטאר פאר א וויזיט.

דן וואיעוואדסטווא האט פונאנדער־געשיקט אין אלע סטאראסטעס א בע־שטימטע טאקסע, וועלכע שטעלט פעסט די גרויס פון האנאראר, וואס עס דארפען נעמען דאקטוירים און פעלדשער׳ס פאר׳ן ערטײלען מעדיצי־נישע הילף קראנקע.

לויט דער דאזיגער טאקסע דארף א דאקטאר בעקומען פאר אונטערזוכען דעם קראנקען בײ זיך אין נאכטאג—6 זל., פאר א בעזוך בײם קראנקען בײטאג 12 זל., בײנאכט 24 זלאטעס.

פאר פעלדשערס: א בעראטונג בײם פעלדשער אין דער וואוינונג—3 זל., בײם קראנקען 6 זלאטעס.

פאר דענטיסטען: ארויסנעמען א צאהן 7 זל.—אהן וועהטאג 10—זל., פאר א פלאמבע פון 8—12 זל., פאר הײלען א צאהן פון 5—10 זלאטעס.

## אויפנאהמע פון א פראנצויזישען קאנסול.

זונטאג האט אין משענסטאכאוו גע־ווײלט דער פראנצויזישער גענעראל־קאנסול, וועלכער איז געקומען פאטריאטער גובערנאטאר און פיהרער פון דער פראנצויזישער ארמעע אין טערקײ און סירען.

גענעראל שערפ איז פארגעקומען קײן משענסטאכאוו אין זײן ספעציעלען לוקסוס־צוג. ער האט בעזוכט די הינע אויסשטעלונג און ווערענדיג בעשענקט מיט׳ן נאמען פון עהרען מיטגליד, האט ער אויסגעגעבען א מיטאג בײ זיך אין צוג פאר פארשטעהער פון דער מיליטערישער מאכט. אויף דעם מיטאג איז אויך אנוועזענד געווען דער פרעזידענט ד״ר מארטשעווסקי.



## וואס איז דער נאציאָנאל־ראט?

פון נאציאנאל־ראט אין ווארשא האר־בען מיר בעקומען מיט דער ביטע אב־צודריקען א אויפרוף צו דער יודישער בעפעלקערונג אין פוילען, און וועלכען ס׳ווערט בעטאנט די גרויסע נויטווענ־דיגקײט פון דער דאזיגער נאציאנאלער־אינסטיטוציע פאר די יודען אין פוי־לען, און דעם גרויסען נוצען וואס דער נאציאנאל־ראט האט געבראכט דער יודישער בעפעלקערונג אין משך פון זײן 6 יעהריגער עקזיסטענץ.

דאס איז א אינסטיטוציע צו וועל־כער יעדער יוד, א יחיד אדער ציבור האט זיך געווענדעט, ווען ער האט גע־דארפט אז מען זאל זיך פאר איהם משתדל זײן בײ דער מאכט וועגען געהיפטע שיקסאלען וואס זענען אונג־האנדען געווארען געגען זײ מצר א וועלכען ס׳איז בעטאטען, און דער נא־ציאנאל־ראט האט דאס שטענדיג געטהון, און פיעל עולות געגען יודען זענען דורך זײן אינטערווענץ בעזײ־טיגט געווארען.

איצט געפינט זיך די דאזיגע אינ־סטיטוציע אין א זעהר קריטישען געלר מאנגעל, און ס׳ווערט אין גאנץ פוילען ארורכגעפיהרט א אקציע, אז די יודען זאלען זיך בעשטײערן מיט געוויסע סומעס כדי צו פערגרעסערן זײנע הכנסות און איהם געבען די מעגליכקײטען צו עקזיסטירען און צו ערפילען זײנע חול־טיגע אויפגאבען.

בײ אונז אין שטאדט ווײלט אויך א דעלעגאט פון נאציאנאל־ראט צו דעם צוועק, און ס׳איז נישט קײן שום צווײפעל אז די הינע יודען וועלען פערשטעהען די וויכטיגקײט פון דער דאזיגער אינסטיטוציע, און וועט עס איז נאר ביכולת וועט זיך נישט אב־זאגען פון איהר צו שטיצען.

## בעשלוסען פון מאגיסטראט.

אויף דער לעצטער זיצונג פון מא־גיסטראט איז געווארען בעשלאסען צו בויען אנ׳ארבײטער הויז אין זאוואדא. אויף דעם צוועק האט דער מאגיסטראט פאר עפענטליכע ארבײט אסיגנירט א סומע פון 25 טויזענד זלאטעס, די איבריגע סומע וואס וועט פעהלען צו דער דאזיגער געבײדע, וועט דער מא־גיסטראט זיך אויסבארגען אין אײנע פון די פינאנץ־אינסטיטוציעס.

אויף דער זעלבער זיצונג איז בע־שלאסען געווארען אויסצוצאהלען די האנדווערקער אינדוסטריע־שולע דעם סובסידיום אין דער גרויס פון 15 טוי־זענד זלאטעס. און אויך די געזעל־שאפט פון אויפזיכט איבער בלינדע אין ווארשא אויף צו בויען א הויז א סומע פון 3000 זלאטעס.

## דער עפילאָג פון דעם פראָצעס פון געוו. דורעקטאָר זאוואדזקי.

נאך א פינף מאנאטיגער פעריזוניטער אבסערוואציע אין טאווארעק, אונטער וועלכער עס האט זיך געפינען דער געוועזענער דירעקטאר זאוואדסקי, איז ער געבראכט געווארען צוריק קײן משענסטאכאוו וואו זײן געהנער שוסטאנד האט זיך בעדײטענד פערערגערט.

געכמען האט דאס געריכט דאריבער שוין ארויסגעגעבען זײן ענדגילטיגען אורטײל, וועלכער איז איהם איבער־שיקט געווארען ווי איז הײמער צום געריכט נישט געשטעלט, צוליב זײן אומפעהיגקײט.

## איינשרייבונגען אין די רעגירונגס-פאלקס-שולען.

זונטאג און דינסטאג דעם 30 און 31 ד. ח. פון 9 א זייגער ביז 1 מי-טאג וועלען פארקומען איינשרייבונגען פאר קינדער אין די רעגירונגס-פאלקס-שולען.

איינשרייבן זיך זענען פערפליכטעט אלע קינדער, וואס זענען געבוירען געווארען אין די יאהרען: 1913, 1914, 1915, 1916, 1917, 1918 און 1919.

פאר נישט צופאסען זיך צו דער דאזיגער פערפליכטונג וועלען די עלטערן בעשטראפט ווערען לויט די פא-ראגראפען 41 און 42 פון דעקרעט וועגען שול-פליכט.

די יודישע קינדער דארפען זיך איינ-שרייבען אין די שולען אויף קראקא-ווער 15 און וואלעס 14.

עלטערן, וועלכע ווילען זייערע קינ-דער לערנען פריוואט, אין די נעזעל-שאפטליכע שולען, ווי „מחזיקי הדת“ א. ד. גל. ווי אויך אין די גימנאזיעס דארפען וועגען דעם מעלדען שריפטליך דער לייטונג פון די פאלקס-שולען, צו וועלכען רעיאן דאס קינד געהערט.

איינצעלהייטען דארפען די פעראינ-טערעסירטע לעזען אין דער ספעציעלער בעקאנטמאכונג, וועלכע געפינט זיך אין היינטיגען נומער פון אונזער צייטונג.

## וועגען דער „גמילות-חסד“ קאסע ביים קליינהענדלער-פעראיין.

ראס שאפען א גמילות-חסד-קאסע ביים קליינהענדלער-פעראיין פאר זיינע מיטגלידער האלט שוין גאנץ נאהנט ביים פערווירקליכט ווערען.

זונטאג איז פארגעקומען די גרינ-דונגס-פערזאמלונג, ווען עס זענען ארום-גערערט געווארען די אויפגאבען וואס די קאסע דארף האבען, און דעם נרוי-סען נוצען וואס זי וועט ברענגען די מיטגלידער.

קומענדען זונטאג קומט פאר אין קליינהענדלער-פעראיין א פערזאמלונג וועגען פערשידענע וויכטיגע פרא-גען, צווישען וועלכע עס וועט אויך ענדגילטיג בעהאנדעלט ווערען די פרא-גע וועגען דער „גמילת-חסד“ קאסע וואס זאל שוין אין די נאהענטסטע טעג אנהויבען פונקציאנירען.

## די אלגעמיינע פערזאמלונגען פון יודישען טורן-און ספארט-פעראיין.

מארגען שבת, 7 א זייגער אין אווענד, קומט פאר אין איינענעם לאקאל די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון יודישען טורן-און ספארט-פעראיין.

די דאזיגע אינסטיטוציע לעבט א-בער אין דער לעצטער צייט א שווע-רען קריזיס און קעמפט פשוט מיט איהר עקזיסטענץ. אויף דער מארגען-דיגער פערזאמלונג וועט דאריבער ענ-טשידען ווערען דער ווייטערדיגער גורל פון טורן-פעראיין, צווישען אנדערע געפינט זיך אויף'ן טאג-ארדנונג דער

פונקט וועגען פעראייניגען זיך מיט'ן היגען ספארט-קלוב „הארטא“.

די מיטגלידער פון טורן-פעראיין, וועמען ס'איז טייער די פיזישע אויפ-לעבונג פון יודישען פאלק, איבערהויפט די נאציאנאל-געשטימטע מיטגלידער, וועלכע ווילען רעהאלטען דעם נא-ציאנאלען כאראקטער פון דער דער-מאנטער אינסטיטוציע, דארפען צאהל-רייך קומען אויף דער מארגענדיגער אלגעמיינער פערזאמלונג.

## א גרויסער אויפטריט פון פייערלעשער.

זונטאג וועט אויף'ן פלאץ פון די מיליטערישע קאסארען אין דער 3-טער אלעע פארקומען א גרויסער אויפטריט פון די פייערלעשער גרופען פון דעם טשענסטאכאווער קרייז, צו וועלכען עס קומען טראב פייערלעשער פון שטעהער פון דעם גאנצען לאנד.

עס וועט אויך אנוועזענד זיין דער פרעזעס פון דעם פייערלעשער-קאמי-טעט פון דער קעלצער וואיעוואדסטווא דער וואיעוואדא ה' מאנטוויפעל.

פאר די וואס וועלען זיך אויסצייכ-נען אין דעם אויפטריט זענען בע-שטימט געווארען א ריהע פרעמיעס

דארונטער איינע אין דער ווערט פון 500 זל.

## ניי'ע הערינג!

איך מאך בעקאנט מיין געעהרטע קונדשאפט או איך האב בעקומען א טראנספארט זעהר גוטע, פיינע און פרישע הערינג, פערשידענע זארטען, איך האב אויך א גרויסען אויסוואהל פון פיינע אוליקעס מאטיאס, הערינג צו האנהורענץ = פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך.

**Eljasz ALTER**

1 אלעע 10, איז הויף.





## בעקאנטמאכונג.

עס ווערט בעקאנט געמאכט, או דעם 30 און 31 שיערפיען ד. י. (מאנטאג און דינסטאג) פון 9 ביז 1 א זייגער מיטאג וועלען פארקומען

## איינשרייבונגען פאר קינדער אין די רעגירונגס-פאלקס-שולען.

צום איינשרייבען זיך דארפען זיך מעלדען אלע קינדער, וואס זענען געבוירען געווארען אין די יאהרען 1913, 1914, 1915, 1916, 1917, 1918 און 1919. ביים איינשריי-בען זיך דארף מען פארשטעלען א געבורטס-מעטריקא און בעצאהלען פאר שול-מכשירים. ניי-איינגעשריבענע קינדער צאהלען 3 זלאטעס, און די וואס לערנען זיך שוין פון פריהער צו 1 זלאטע.

דערביי ווערט אויפמערקזאם געמאכט, או די איינשרייבונגען וועלען פארקומען נאר אין פערלויף פון די דערמאנטע 2 טעג. שפעטערע מעלדונגען וועלען נישט בעריקזיכטיגט ווערען.

די קינדער פון די אויבענדערמאנטע יאהרגענג זענען פערפליכטעט רעגעלמעסיג צו בעזוכען די שולע, אין געגענפאל וועלען די עלטערן בעשטראפט ווערען לויט ארטיקעל 41 אדער 42 פון דעקרעט וועגען שול-פליכט (ביז 100 זל. שטראף אדער 5 טעג ארעסט.

איינשרייבען דארף מען זיך אין די שולען: נומ.: 13 און 15 (קראקאווער 15) און נומ. 12 (וואלעס 14).

בעמערקונגען: די עלטערן (אפיטראפעס), וועלכע ווילען זייערע געבוירענע קינדער אין יאהר 1919 לאזען לערנען אין לעהר-יאהר 1926-27 ביי זיך אין דערהיים, אין פריוואטע קאמפלעטען, אין געזעלשאפטליכע שולען (ווי „מחזיקי הדת“ א. ד. גל. און אין גימנאזיעס, דארפען וועגען דעם בעלעגען א שריפטליכע ערקלערונג אין דער לייטונג פון דער פאלקס-שולע, צו וועלכען רעיאן זייער קינד געהערט, פאר'ן 1 וורושיען ד. י.

אין דער דאזיגער ערקלערונג דארף מען אויפגעבען דעם נאמען און פאמיליען נאמען פון קינד, גענויע אדרעס, געבורטס-דאטע, ווי אויך אנווייזען וואו דאס קינד וועט זיך לערנען.

די יודישע קהלה-פערוואלטונג אין טשענסטאכאוו.

## אכטונג קליינהענדלער!

זונטאג, ד. 29 אויגוסט 3 נמ. קומט פאר אין איינענעם לאקאל

## א פערזאמלונג פון אלע מיטגלידער,

וואו עס וועלען בעהאנדעלט ווערען פאלגענדע וויכטיגע פראגען:

1) בעריכט פון דעם פעראייניגונגס-צוזאמענפאהר אין ווארשא. 2) צירקולאר פון פינאנץ-מיניסטעריום וועגען בעפרייען ארימע שטייער-צאהלער פון פערלע-גענע שטייערן. 3) וועגען דער גמילת-חסדים-קאסע.

צוליעב דער וויכטיגקייט פון דער פערזאמלונג טאר קיין איינציגער מיטגליעד נישט פעהלען.

די פערוואלטונג פון קליינהענדלער-פעראיין.





## לשמוע אל הרנה ואל התפלה.

די פערוואלטונג פון די אגודת שלומי אמוני ישראל מאכט בעקאנט או פון זונטאג פ' נצבים וילך הבע"ל און ווערען

## פערדינגט פלעצער פאר פרויען

צו דאווענען די ימים-נוראים הבע"ל אין ביהמ"ד פון די אגודה סטראזשאצקא 8

וועלכעס איז פערזעהען מיט גוטע בעלי-תפילות.

ווער עס וויל דערהאלטען דעם פאראיטהריגען פלאץ מוז זיך מקדים זיין און נישט פערגאלעגענהייטען.

בילעטען שוין צו בעקומען אין ביהמ"ד פון דער אגודה סטראזשאצקא 8, יעדען טאג פון 5 ביז 9 אווענד.

די פערוואלטונג.

## לשמוע אל הרנה ואל התפלה.

מיר מאכען בעקאנט או פון זונטאג פ' נצ"ויל ווערען פערדינגען פלעצער פאר מענער און פרויען צו דאווענען די ימים-נוראים און א גאנץ יאהר

## אין ביהמ"ד „מחזיקי הדת“ גאדרזשעטשנא 50

מיט גוטע בעלי תפלות.

ווער עס וויל דערהאלטען די פאריאהריגע פלעצער דארף נישט ענערן נור באלד דינגען כדי דער פלאץ זאל נישט פערנומען ווערען.

בילעטען שוין צו בעקומען אין ביורא פון ת"ת וועלכעס איז אפען א גאנצען טאג.

די פערוואלטונג פון ת"ת מחזיקי הדת.

## בעקאנטמאכונג.

עס ווערט בעקאנט געמאכט אז נאכ'ן אדורכפיהרען א גרונדליכען רעמאנט אין אלע אבטיילונגען פון דער נייער מקוה, נישט קוקענדיג אויף די אונגעהויערע קאסטען און שווערע מיה וואס עס איז דאביי אנגעווענדעט געווארען, איז געלונגען די מקוה אהערצושטעלען אין בעסטען ארדנונג, אזוי אז זי קען צופרידענשטעלען די גאנצע יודישע בעפעלקערונג הן בנוגע כשרות שטעהענדיג אונטער'ן שטרענגען אויפזיכט פון ראבינאט, ווי אויך אין היגיענישען זין.

אזוי וועט אויך די שוויץ פונקציאנירען אויף די קומענדע ימים = טובים.

די היגע יודישע בעפעלקערונג דארף אומבעדינגט צו אונטערשטיצען די דאזיגע אינסטיטוציע וואס איז זייער אייגענטום און איז אויך דער יסוד פון יהדות, און דערמיט נעבען די מעגליכקייט אז זי זאל קענען ווי געהעריג פונקציאנירען.

די פערוואלטונג פון דער נייער מקוה.

## לשמוע אל הרנה ואל התפלה.

די פערוואלטונג פון דער **שוהל פרושיצקי, אלעע 1**

מאכט בעקאנט, אז די פלעצער פאר פרויען און מענער אויף די קומענדע ימים-נוראים הבע"ל זענען שוין צו פערדינגען יעדען טאג ביי ה' חיים קאלקא, אגראדאווא 20 און פון 6—8 אווענד און אונזער שוהל.

די פערוואלטונג.

אכטונג מיטגלידער! לויט'ן בעשלוס פון די לעצטע קאמיטעט זיצונגען איז בעשלא-סען געווארען איינצומאהנען די חובות פון די מיטגלידער צוליעב דעם קריטישען קאפע-בעשטאנד פון דער שוהל, דעריבער ווערען די מיטגלידער אויפגעפאדערט אין פערלויף פון 10 טאג צו בעצאהלען די חובות, אנדערפאלס וועלען די פלעצער פערדינגען ווערען.

גלייכצייטיג מאכט דער קאמיטעט בעקאנט, דאס דער פלאץ פון א משמש איז פריי. רעפלעקטאנטען קענען זיך מעלדען צום גבאי ה' חיים קאלקא, אגראדאווא 20.

## יודישער טורן-און ספארט-פעראיין אין טשענסטאכאוו.

שבת, ד. 28 ד. ח. 5 נאכמ. אין צווייטען טערמין 7 אווענד

קומט פאר אין אייגענעם לאקאל אגראדאווא 22 די

## אלגעמיינע פערזאמלונג

פון די מיטגלידער פון היגען טורן און ספארט-פעראיין.

מיט פאלגענדען טאג.-ארדנונג: 1) ערעפענונג און אויסוועהלען א פרעזידיום פון דער פער-זאמלונג. 2) בעריכט פון דער פערוואלטונג: א) אלגעמיינער ב) קאסע-בעריכט. 3) רער פאר-שלאג פון דער פערוואלטונג וועגען פעראייניגען זיך מיט א אנדערע געזעלשאפט 4) וועה-לען א פערוואלטונג 5) פרייע פארשלאגען.

אלע מיטגלידער דארפען אומבעדינג זיין אנוועזענד.

## די יודישע אבראנזשעס ביים „דאבראשינאשטש“

מאכט בעקאנט, אז איינשרייבונגען אין די אבראנקעס וועלען דויערן ביז דעם 29 שיערפיען ד. י.

די קינדער, וועם לערנען דארט ביז יעצט, מוזען זיך אויך מעלדען ביז'ן 29-טען ד. ח. אויב זיי ווילען דארט ווייטער לערנען.

## אווענד-קורסען פאר האנדווערקער-לערן-יוגענד

אין טשענסטאכאוו

פון 1 ביזן 29 אויגוסט ד. י. וועלען אנגענומען ווערען איינ-שרייבונגען צום נייעם שוהל-יאהר 1926|27.

די איינשרייבונגען וועלען פארקומען אין דער קאנצעלאריע פון דער היגער האנדווערקער = שולע (גארנצארסקא 10|8) טעגליך פון האלב 8 ביז האלב 9 אווענד.

די עקזאמענס וועלען פארקומען דעם 29, 30 און 31 אויגוסט.

בעמערקונג: די קאנדידאטען דארפען ביים איינשרייבען פארשטעלען מעטריקעס ווי אויך שול-צייגנישען.















Redaktor Izrael PŁOCKIER Wydawca B. BOCIAN Druk. B. BOCIAN I-sza Aleja № 6.